


פאַרלאַג „די פעדער“

ניו יאָרק, 1925

מיינע חברים־דיכטער
פון און ארום
„די פעדער“
א מתנה

# די באַלאַדע פון רעדינגער טורמע

.1

ער האָט דאָן ניט געטראָגן אויף זיך
זיין מאַנטל — שאַרלאַך־רויט,
ווען מ׳האָט געפונען אים — די הענט
אין בלוט און וויין פאַרויט —
מיט איר, וואָס ער האָט זי געליבט
און אין איר בעט געטייט.

ער האָט מאַרשירט מיט אַנדערע
פאַרברעכער אין אַסטראָג,
אין גראָע קליידער, גראָען הוט,
מיט פלינקן טראָט און טראָג;
נאָך קיינמאָל האָט אַ מענטש ווי ער,
געלעכצט נאָכ׳ן ליכט פון טאָג.

איך האָב נאָך קיינמאָל ניט געזען,
אַ מענש אַזוי פאַרטאָן
אין שטיקל בלאָ, וואָס טורמע־לייט
אַ הימל רופן אָן;
און אין יעדער זילבער־וואָלקן, וואָס
שיפט פאַרביי דער זון.

איך האָב געשפּאַנט, מיט אַנדערע
אין פּיין, אין אַ צווייטען ראָד
און האָט געוואונדערט זיך, ווי גרויס
און וועלכע שולד ער האָט?
ווען אונטער מיר האָט ווער געזאָגט:
„ער קריגט דעם עשאַפּאַט“.

אָ, גאָט! די טורמע־ווענט, געדוכט,
האָבן זיך פון אָרט גערירט;
דער הימל האָט זיך איבער מיר
ווי גליאיק שטאָל פאַרמירט —
און כאָטש אַליין אַ ליידנדער,
מיין פּיין האָב ניט געשפּירט.

כ'האָב בלויז געפילט דעם פלאָג־געדאַנק
וואָס גיכט זיין טראָט, פאַר וואָס
ער האָט אויפ'ן העלן טאָג
געקוקט מיט אַ פאַרדרוס;
ער האָט געטויט זיין ליבסטע זאַך,
און טויט אַליין זיין מוז.

---

דאָך טייטעט יעדער וואָס ער ליבט
זאָל זיין דאָס הויך דערקלערט.
טייל טוען דאָס מיט בייזן בליק
און טייל מיט ליוב פאַרמערט;
דער פייגלינג טוט דאָס מיט אַ קוש.
דער בראַוועד מיט אַ שווערד.

טייל טייטן ליבע יונגערהייט,
און טייל אויך ווען שוין אלט;
טייל שטיקן זי מיט איבערלוסט
און אנדערע מיט גאלד;
די גוטע נוצן שארף פון שווערד,
ווייל ס'מאכט זי גיכער קאלט.

טייל ליבן ווייניק און טייל צופיל,
מ'פארקויפט און ס'קויפט זי ווער;
טייל טוען דאס מיט טרערן, און
א טייל אן זארגן שווער;
נאר יעדער טייט וואס ער האט ליב —
דאך שטארבט ניט יעדערער.

---

ער שטארבט ניט א פארשעמטן טויט,
אין א טאג פון שווארצער שאנד;
עס הענגט קיין פעטליע אויף זיין האלז —
אויפ'ן פנים א געוואנט —
ער פאלט אויך ניט אדורך דעם דיל
אין גרוב, פון ליידיק לאנד.

ער זיצט ניט מיט א שטומער וואך,
וואס היט אים זיין געביין;
וואס היט אים ווען ער בעט צו גאט,
און ווען אים שטיקט געוויין;
וואס היט ער זאל די טורמע־רויב,
ניט רויבן נאך אליין.

ער וואַכט ניט אויף פאַרטאָג, צו זען
מיט שרעק געפילט זיין צעל;
דעם גלח אַנגעקליידט אין ווייס,
דעם היטערס שטרענגען שטעל;
און דעם גובערנאַטאָר גאַנץ און שוואַרץ,
מיט אַ מינע פון באַפעל.

ער שטייט ניט אויף אין איילעניש,
זיך אַנצוטאָן אין שאַנד;
ווען אַ בייזער דאָקטאָר, יעדן ריר,
עס פאַרשט אים און עס פּלאַנט,
צום טאַקט פון זייגערל, וואָס קלאַפּט,
ווי האַמערס אין זיין האַנט.

ער ווייסט ניט פון דעם פיבערדורשט
וואָס שטיקט דעם האַלז, און ברענט,
נאָך איידער ס'קומט דער תליון אַז
מיט הענטשקעס אויף די הענט
און בינט אַרום מיט רימענס דריי —
שום דורשט זאָל זיין אַן ענד.

ער הערט ניט צו אויך פאַרלייענען
זיין קבורה־שריפט באַפעל;
צי ווען דער שוידער זאָגט אים, אַז
עס לעבט נאָך אַלץ זיין זעל,
מוז ער פאַרביי זיין אָרון, ביים
צוריקער צו זיין צעל.

ער שפּיזט ניט איין זיין אויג אין שיין
פון גלאָז, אין דאָר־געבײ;
ער בעט ניט ווייך מיט ליפּן בלייך,
זיין פּיין זאָל גיך פאַרבײ.
עס שפּירט אויך ניט זיין ציטער־באַק,
קאַיאַפּאַס־קושערײ.

.2

זעקס וואָכן לאַנג האָט ער אַרום
געשפּאַנט אין דעם אַסטראָג,
אין גראָען אַנצוג, גראָען הוט,
מיט פלינקן טראָט און טראָג;
נאָר איך האָב קיינעם ניט געזען
פאַרליבט אַזוי אין טאָג.

איך האָב נאָך קיינמאָל ניט געזען,
אַ מענטש אַזוי פאַרטאָן
אין שטיקל בלאָ, וואָס טורמע־לייט
אַ הימל רופן אָן,
און אין יעדן וואָלקן, וואָס צעלאָזט
די האָר פאַרביי דער זון.

ער האָט זיך ניט געקנייטשט די הענט,
ווי אַנדערש ווער, וואָס פּרוווט
צו וועקן ניי די האָפנונג
אין יאוש־הייל וואָס שלאָפט;
ער האָט געקוקט נאָר אויף דער זון
און איינגעזאַפּט די לופט.

ער האט זיך ניט געקנייטשט די הענט
און ניט באקלאגט זיין פיין;
נאר געזופט די לופט, אט ווי זי וואלט
פאר אים א באלזאם זיין;
געטרונקן מיט אן אפן מויל
די זון, האט ער, ווי ווייַן!

און איך און אלע עלנדע
פון צווייטן קרייז ארויס,
פארגעסן האבן אונזער שולד
צי זי איז קליין, צי גרויס,
און נאר באוואכט און שטום באטראכט,
דעם מאן אין טויטנשויס.

און מאדנע איז געווען צו זען
זיין פלינקן טראט און שפריין;
און מאדנע אויך זיין זשעדנע בליק
צו טאג און זון באוויין;
און מאדנע דער געדאנק אז ער
דארף צאלן אזא פרייז.

---

ווייל פרילינג ווערט א יעדער בוים
מיט בלעטער פיל פארמערט,
נאר דעם הענג־בוים איז צו זען מיאוס,
מיט'ן שטאם פון שלאנג פארצערט,
און גרין צי לער, מוז הענגען ווער,
אויב ניט — קיין פרוכט געבערט!

דאס הויכע פלאץ איז אזא שאץ,
וואס לאָסט די מענטשן אן ;
נאר ווער וויל באשטייז ארויפצוגייז
איז הויך, גאנץ אויבן אן ;
און ווארפן פון דעם טויטן־שלייף
א לעצטן בליק דער זון ?

ס'איז גוט צו טאנצן נאָך מוזיק,
ווען לעבן גלאנצט מיט חן ;
צו טאנצן צום פלייט און צום טרומייט,
איז דעליקאט און שען ;
נאר ס'איז ניט זיס מיט ציטער־פיס,
אין לופט א טאנץ צו דרייען !

אזוי געדאכט, האבן מיר באוואכט
זיין לעבן יענע טעג ;
געוואונדערט זיך : צו אלע אונז,
עס פירט דער זעלבער שטעג ?
ווייל אומבאקאנט צו וועלכן ראנד
די זעל פארווירט איז וועג.

ביז איינמאל האט, דער טויטער מאן
פון צווייטן קרייז געפעלט ;
האב איך געוואוסט, אז ער איז שוין
פארשפארט אין טויט־געצעלט.
און קיינמאל וועל איך ווידער זען
זיין פנים, אויף נאט'ס וועלט.

ווי שיפן צוויי, געשיידיקטע,
וואס קרייצן זיך דעם וועג;
האבן מיר זיך אנגעגעגנט דאן
און נים געגריסט — אוועק
ווייל דאס איז נים געווען ביינאכט,
נאר אין די מיאוסע טעג.

א טורמע־וואנט איז ארום אונז,
פארשטויסענע געווען;
ארויסבראקירט האט אונז די וועלט —
אויך גאט האט אונז פארזען —
און דער אייזן־בינד וואס קלייבט אויף זינד,
האט געכאפט אונז אין די ציין.



.8

אין טורמע איז דער באָדן מיאוס
און הויך די פייכטע ווענט;
און דאָרט געזופּט האָט ער די לופט,
פון הימלס גראָען ראַנד;
באַוואַכט פון וואַך ער זאָל ניט זיין
נאָך טויט פריער, ווי געפּלאַנט.

צי איז געזעסן, מיט דער וואַך,
אין אַנגסט — דאָרט טאָג און נאַכט;
וואָס האָט געהיט זיין תפילה־פאָל
און אויפשטיין טיף באַדאַכט:
ער זאָל ניט רויבן נאָך אַליין
די רויב, פון גאַלגאַנ׳ס מאַכט.

דער גובערנאַטאָר איז געווען
א שטרענגער צו דעם אַקט.
דער דאָקטאָר האָט געזאָגט אַז טויט,
איז וויסנשאַפטס א פאַקט.
און צווייפאַל טעגלאַך האָט דער פריסט
געבראַכט אים גאָט׳ס קאָנטראַקט.

און ער האָט צוויימאָל יעדן טאָג
גערויכט, געזופט זיין ביר;
זיין זעל איז שטאַרק געווען, עס האָט
קיין שרעק געשראָקן איר
און אָפט די רייד געזאָגט: אים פרייט,
וואָס טויט וואַרט פאַר זיין טיר.

וויזוי ער זאָגט דאָס, האָט די וואָך
אים פרעגן זיך זשענירט;
ווייל דער וואָס וואַרט מיט'ן אָטעם באַערט
פון וועכטער — באַלד דערשפּירט:
זיין מויל מוז זיין ווי מיט אַ שלאָס,
זיין פּנים פאַרמאַסקירט.

ווען ניט, קאָן ער נאָך ווערן ווייך
און טרייסטן גאָר אין שטעל —
און וואָס קאָן מיטלייד העלפן דען
דעם מענטש אין טויטנצעל?
אַ וואַסער וואָרט אין יענעם אָרט,
קאָן ברענגען רו אַ זעל?

מיר האָבן לויז, אַרום אין קרייז,
מאַרשירט אין נאַר פּאַראַד!
געהאַט קיין בראָד: מיר זיינען דאָך
דעם טייוולס אבריגאַד,
און גאָלע קעפּ און בלייפים־שלעפּ,
עס שאַפט אַ מאַסקאַראַד.

מיר האָבן שטריק געצופּט אין שטרייף,
מיט בלוטיק־טעמפּע הענט.
געשייערט פּיל, די טיר און דיל,
די גראַטעס און די ווענט;
און ריי נאָך ריי, געפּוצט אויפס'ניי,
ביז אַלץ האָט אַזש געבלענדט.

געניים די זעק, געהאַקט מיט העק,
געדרייט אין שטיין דעם דריל;
געקלאַפּט דאָס בלעך, געשלונגען אויך
די הימנען לאַנג און פּיל;
נאָר אין דעם האַרץ פון יעדן מאַן
געליגן שרעק איז שטיל.

אַזוי אַט שטיל, ווי זומפּ, אַן ציל
געשלעפּט האָבן זיך די טעג,
אַז יעדן מאַן אַרוים איז דאָן
פון זין, זיין שטראָף און שרעק —
ביז איינמאָל האָבן מיר אַ גרוב
דערזען, אויף אונזער וועג.

זיין געניץ־מויל און געלער גרונט,
געלעכצט האָט נאָך אַ טרונק —
געמאָנט מיט מוט די ערד האָט בלוט,
פון אַספאַלט, פאַר איר שלונג;
און געוואוסט האָבן מיר: פאַר זונאויפגאַנג,
וועט הענגען שוין אַ יונג.

מיר זיינען גיך אריין מיט שטריך
פון טויט־שרעק אין דער זעל;
דער הענקער מיט זיין קליינעם פאס,
פארביי איז ביטרע־שנעל;
און יעדערער איז ציטערדיק
געקראכן צו זיין צעל.

---

דאס פארהויז איז די נאכט געווען
מיט גייסטער פול געשטיקט.
און פאר דער שטאט פון שטאל און דראט,
האבן פיס געשפאנט געשיקט;
און דורך די שטענג — פאר ליכט פארדרענג —
האבן אויגן דוכט געבליקט.

נאר ער איז זיך געשלאפן גלייך,
ווי אין א גראזיק לאנד;
די וואך וואס האט זיין שלאף באוואכט,
פארשטיין האט ניט געקאנט:
ווי אזוי ער קאן נאך שלאפן, ווען
עס ווארט דעם הענקער'ס האנט.

נאר ס'שלאפט ניט דער, וועמ'ס הארץ איז שווער
און האט קיינמאל געקלאגט.
האבן מיר — די נארן, אויסוואורפן —
צו וואכזיין זיך פארזארגט,
און אין יעדנס קאפ האט אויף און אפ,
א צווייטנס שרעק געיאגט.

אוי! פילן יענעמס שולד איז ווײ
אַ שוידערלאַך געפיל!
געשטאָכן ווערט פון זינד די שווערד,
אין האַרצן ביז איז שטיל!
און ווי זודיק בלײַ געפלאָסן איז פרײַ,
די טרערן אונז אַן ציל.

די וועכטער האָבן צוגעשאַרט
זיך שטיל צו יעדער טיר,
און האָבן געזען — צום ניט פאַרשטיין —
אונז קניען אַן אַ שיעור;
און זיך געפרעגט: וואָרום מען פלעגט
ניט זען אונז טאָן דאָס פריער?

אַ גאַנצע נאַכט דאָן האָבן מיר
די לײַכע אַלץ באַוויינט;
די טריבע נאַכטבלום, פלאַטערנדיק,
דעם אָרון האָט באַשענט;
און ביטער־ווײַן געדוד האָט אונז
פון מאַטערניש געריינט.

די הענער האָבן שוין געקרייעט,
נאָר ס'איז נאָך נאַכט געווען;
אין קרומע בילדער האָט די שרעק
פאַר אונז געטאָן זיך דרייען;
און יעדער גייסט, וואָס נאַכט באַווייזט,
האָט זיך געלאָזן זען.

זיי האָבן זיך געגליטשט גאַנץ גיך,
ווי רייזנדע דורך גראָ;
און אָפּגעלאַכט לבנה'ס פּראַכט,
מיט טענץ — אין יענער שעה —
און מיט שטאַטנע שריט און גולם־טריט,
געהאַלטן ראַנדעוואָו.

מיט בויג און דרעי דאָן האָבן זיי,
די שאָטנס, האַנט אין האַנט
אַרום, אַרום, ווי גייסטער קרום
געטאַנצט אַ סאַראַבאַנד;
און דער גראָטעסק האָט אַראַבעסק
געמאַכט, ווי ווינט אין זאַמד!

אַ פּירועט פון מאַרינעט
געטאַנצט, אויף שפּיץ פון שטריק
און מיט טאָן פון שרעק געפירט אַ צוועק,
דעם מאַרש פון מיאוסע שטיק;
געזונגען לאַנג, אַ הויך געזאַנג,
צו וועקן פון טויט צוריק.

געשריגן לויז: „די וועלט איז גרויס,
און קייטן מאַכן קרום!
ווייל ניט צופיל — אין ביינדל־שפּיל,
עס שפּילן גוט און פרום;
נאָר ניט ער געווינט, וואָס שפּילט מיט זינד,
אין שאַנד־הויז שטיל אַרום."

קיין פאנטאזי געווען איז זי,
די לוסטיקע חבריי,
פאר מענטשן, וואס ווען שוין מער
א, קיינמאל ניט זיין פריי;
זיי זיינען לעבעדיק געווען —
און שוידערלאך דערביי.

---

זיי האבן אומגעוואלצט ארום,
געארעמט זאלבעצווייט;
מיט דער עלעגאנץ פון חצופה־טאנץ,
אויף טרעפ ארויף צעשיידט;
און מיט ביטרע שטיק, לצנות'דיק,
די תפילות אונז באגלייט.

דער מארגן־ווינט האט אויך געשיקט
זיין קלאג־ליד אין דעם קאן;
נאר ס'האט נאך דין די נאכט־מאשין
געוועבט איר חשד־פאן;
און ביים געבעט, האט ערשט פארשפרייט
א שרעק אויף אונז — די זון.

דער קלאג־ווינט האט ארומגעיאגט,
ארום דער טורמע־וואנט;
און ווי א ראד אין קאראהאד,
האט אויך די צייט געשפאנט:
א, טרויער ווינט! ווארום קומט אונז
אזא סימפאניע גראנד?

ביז ביסלאכווייז האב איך באמערקט
די שאטן־שטענג, ווי בליי;
זיך ציען אויף דער בלייכער וואנט,
אט פונקט מיין בעט פארביי;
האב איך געוואוסט, אז ערגעץ פלאמט
גאט׳ס מארגן רויט אויפסניי.

---

דאס ראמען פון די צעלס בא אונז,
ביז זיבן האט געשטילט.
נאר אן אטעם־ברויז ווי פליגל רויש,
די טורמע האט געפילט;
ווייל אריינגעווייט האט דאן דער טויט
און טייטן אנגעצילט.

ער איז פארבייגעזעגלט נישט אנגעקליידט
אין רויט, אויף ווייסן פערד;
דריי איילן שטריק און א גליטש־ברעט־בריק,
פון דעם א תליה ווערט;
האט מיט שטריק פון שאנד דעם העראלדס האנט
געטאן זיין טאט באערט.

---

ווי אין א זומפ האבן מיר זיך שטומפ
אין פינסטערניש געריעט;
און ניט געוואגט נאך אט דעם אקט,
מער בעטן גאט פארטרויט —
ווייל ס׳איז געווען אין יעדערן
די האפנונג לאנג שוין טויט.

ווייל מענטשלאכע גערעכטיקייט
פארקרומט זיך קיינמאל ניט ;
זי טייט דעם שוואכן ווי דעם גבר,
מיט אירע שווערע טריט ;
עס טייט דעם גבר מיט אייזן־טראט,
דער מאנסטער פאראזיט.

---

מיר האבן דורשטיק דאן דערוואַרט
דעם קלונג פון זייגער אכט ;
ווייל דער סיגנאל איז פון שיקזאל,
וואס מאכט א מענטש פאראכט —
און ס׳שענקט דאס גליק, דעם תליה־שטריק
א יעדן, אומגעאכט.

איז ניט געווען וואס אנדערש טאן,
ווי ווארטן אויף דעם קלונג ;
ווייל ווי שטיקלאך שטיין איז ניט געווען
ביי אונז קיין האפנונגס־פונק ;
נאר יעדנ׳ס הארץ האט גיך געקלאפט
ווי א פויק א ווילדער יונג.

---

ביז ס׳האט א שטוים געטאן מיט ברויז
דער זייגער זיינע שלעג ;
און פון יעדער זייט האט זיך פארשפרייט
אן אומגעצוימטע שרעק ;
ווי אמצורע׳ס קול, וואס דערשרעקט אמאל
דעם וואנדערער אין וועג.

און ווי איינער זעט אין דעם קרישטאָל
פון טרוים, אַ שרעק־געזעה;
האָבן מיר געזען דעם פעטן שטריק
צום דאַך געקניפּט מיט דורעי;
געהערט געבעט, דעם הענקער׳ס שפּעט,
דערשטיקט אין אַ געשריי.

און גאָר דעם ווי וואָס אין געשריי,
עס האָט פאַרוואַנדלט זיך;
און דאָס ווילד פאַרדרוס און בלוט־שווייס גוס,
האָט קיינער געפילט ווי איך;
ווייל דער וואָס לעבט פיל לעבנס אוים,
מוז שטאַרבן פיל מאָל אויך.

.4

קיין גאָט־דינסט איז ניטאָ דעם טאָג,
אין וועלכן זיי הענגען וועם;
דעם גלח'ס הארץ איז דאָן צו קראַנק,
זיין פּנים בלייך ווי ליים;
עס ווייזט זיין בליק אַזוינס דאָן, וואָס
מען זאָל ניט קוקן אויף דעם.

געהאַלטן האָבן זיי דערפאַר
ביז מיט־טאָג אונז אין צעל;
און דאָן ערשט האָט די וואַך מיט בראַזג,
געעפנט דעם געשטעל;
און יעדער איז אַראָפּ די טרעפּ,
מיט אומרו אין דער זעל.

מיר זיינען אויף גאָט'ס לופט אַרויס,
גאָר ניט פון דעם געביי;
ווייל דעם'ס געזיכט איז ווייס געווען
און יענעמ'ס גרא ווי בליי;
נאָר קיינער האָט אַזוי ווי ער
געבליקט אויף העלער פריי.

איך האב קיינמאל קיין מענטש ווי אים,
געזען אזוי פארטאן
אין שטיקל בלא, וואס טורמע לייט
א חימל רופן אן;
און אין יעדן פרייען וואלקן, וואס
עס שוועבט פארביי דער זון.

נאר טייל פון אונז גאר האבן טיף
געבוקט די קעפ אראפ;
וואלט ער געקראגן איצט זיין שטראף,
וואלט זיינס געווען די גרוב;
ער האט געטייט — וואס ס'האט געלעבט
און זיי, א טויטן טרופ.

און דער וואס זינדיקט נאכאמאל,
א טויטע זעל וועקט ניי
פון גרוב ארויס, און שלעפנדיק
מאכט בלוטן זי דערביי;
ער מאכט זי בלוטן שטראמענווייס,
צו בלוטן פראנק און פריי.

ווי מאלפעס, צי פאיאצן אין
א יוניפארם-גורט;
האבן מיר ארומגעשפאנט, דאן שטיל,
אין טורמעס גליטשיק ארט;
ארומגעשפאנט זיך שטילערהייט,
נים אויסגערעדט קיין ווארט.

ארומגעשפּאַנט זיך שטילערהייט,
און דורך דעם פלי־געדאַנק,
האָט דורכגעשוועבט דאָס אומגליק, וואָס
עס האָט געטראָפן לאַנג;
און שוידער האָט געשפּרייזט פּאַראויס,
און אונטן — שרעק און באַנג.

---

די וועכטער האָבן אויף און אָפּ,
ארומגעשפּרייזט ווי הירט;
אין יוניפאָרמען שפּאָגל ניי,
ווי זונטיק אויסגעצירט;
נאָר דערציילט האָבן אונז פון זייער טאָט
די שיך, אין ליים פאַרשמירט.

ווייל וואו עס איז געווען אַ גרוב,
איז מער קיין גרוב ניטאָ;
אַ פּאַס פון ליים און זאַמד איז בלויז
אַצינדערט דאָרטן דאָ;
און אַ קליינטשיק בערגעלע קאַלך —
אַלס סימן — דעקט אים צו.

ווייל אַ סימן האָט דער מאַן געהאַט,
וואָס ווינשן מעג ווער קוים;
נאַנץ טיף אַראָפּ אין טורמע־הויף,
אַ נאַקעטער — אַן צאָם
ליגט ער, מיט פּענטעס אויף די פיס,
און איינגעהילט אין פלאַם.

און שטענדיק פרעסט די קאַלך־גרוב,
זיין פליייש אים און זיין ביין;
זי פרעסט ביינאַכט די ביינער אים,
בייטאָג דאָס פליייש אַליין;
זי פרעסט זיין ביין און פליייש נאָך רייי
און פעלט דאָס האַרץ ניט, ניין!

---

פאַר דריי יאָר לאַנג דאָרט וועלן זיי
ניט זעען מער קיין זאַך;
דריי לאַנגע יאָר וועט אָט דאָס אָרט,
זיין נאַקעט הויל און פלאַך
און קוקן שטוינענדיק אַרויף,
אַז פאַרוואורף פאַר דער שמאַך.

זיי דענקן, אַז אַ מערדער'ס האַרץ,
די זאָמען וואָלט פאַרצערט;
עס איז ניט וואָר! גאָט'ס גוטע ערד
איז בעסער ווי מען קלערט;
און די רויטע רויז וואָלט רויטער נאָך
געבליט און זיך פאַרמערט.

אַ רויטע רויז פון מויל אַרויס,
פון האַרץ אַרויס — שניי־וויים;
ווייל ווייס דען וואָר דעם וועג ווער קלאָר
פון גאָט און זיין באַווייז;
ווען פון פאַפּסט אַ בליק בליט אויף דער שטאָף
איז האַנט פון וואַנדער גרייז.

נאר ס'קען קיין רויז, צי ווייס, צי רויט
ניט בליען אין טורמעס־ארט;
דעם קרעמען און דעם קיזל־שטיין,
איז וואס זיי געבן דארט;
ווייל בלומען היילן דאך, באוואוסט,
א מענשנס יאוש פארט.

ווען קיינמאל פאלן דארט קיין רויז —
צי ווייס, צי רויט ווי בראנד,
אויפ'ן שטיקל ערד און זאמד, וואס ליגט
אין טורמע ביי דער וואנט;
צו וויזן, אז געשטארבן איז
גאטס זון, פאר אלבאנאנד.

---

נאר כאטש די פעסטע טורמע־וואנט,
אים צוימט ארום און היט;
און עס גייט ניט אום קיין גייסט, באנאכט,
וואס האט די פיס געשמידט;
און ס'קאן וויינען נאר א גייסט וואס ליגט
אין א פארשוועכטער מיט,

איז ער שוין אין זיין רו אצינד,
ער איז, צי ווערט באלד זיין;
ניטא קיין זאך איז דארט, וואס זאל
אים ווי טאן, מאכן פיין;
ווייל דער חשך־גרוב האט ניט קיין זון
און קיין לבנה־שיין.

זיי האבן אים געהאנגען ווי
מען הענגט א חיה־רעה;
קיין קלויסטער־קלונג געשיינקט, וואס וואלט
נעבראכט אים אפשר רו;
נאר איילנדיק גענומען און
כאנראַרן ערגעץ וואו.

די קליידער אים אראפגעפליקט
פון קערפער, שטיק נאך שטיק:
געשפאט פון זיין געשוואלן מויל
און פון זיין שטארן בליק;
און מיט א קול געהויבן וואויל,
פון גרוב ארויס די שטריק.

דער גלח האט קיין תפילה ניט
געפרעפלט ביי זיין גרוב;
און אויף זיין קבר ניט געשטעלט
פאר זינד, א צלם־סלופ;
ווייל קריסטוס איז אזעלכע לייט
דערלייזן דאך אראפ.

נאר אלץ איז וואויל — ער איז שוין צו
צו דעם באשטימטן ציל;
און פרעמדע וועלן אנפילן
דעם מיטלייד'ס־קרוג גאנץ שטיל;
ווייל באקלאגן וועלן אים אט די,
וואס קלאגן שטענדיק פיל.

.5

איך ווייס ניט צי ס'איז גוט, צי שלעכט,
פון שטראף־געזעצ דער צוועק;
מיר ווייסן נאר, וואס זיצן דא,
די טורמע איז א שרעק —
און אז יעדער טאג איז ווי א יאר,
א יאר פון לאנגע טעג.

איך ווייס נאר דאס, געזעצן וואס
ס'האט מענטש פאר מענטש געמאכט,
זינט ס'האט אמאל דער ערשטער מענטש
זיין ברודער אומגעבראכט,
נאר שמוצן דעם ווייץ און שפארן די פלעוו
מיט ניט קיין ריינער מאכט.

און דאס ווייס איך — און גוט וואלט זיין
ווען יעדער וואלט פארשטיין
אז יעדע טורמע ווערט געבויט
מיט ציגל פון שאנד אליין;
די גראטעס, אז א מענטש א מענטש
זאל פריי ניט לאזן גיין.

די גראטעס פלעקן אפ דאס ליכט
פון לבנה און דער זון:
זיי טוען קלוג, באהאלטנדיק
וואס דארטן ווערט געטאן;
ווייל עס דארף קיין מענטש, צי גאט אליין,
א קוק אויף דעם ניט טאן.

דאָס בייז אַן מאָס, ווי גיפטיק גראָז,
עס בליט אין טורמע אָרט;
און גאָר דאָס בעסטע וואָס אין מענטש,
פאַרוועלקט דאָרט אומגעשפּאָרט;
די בלייכע אַנגסט שטייט שטום ביים טיר,
און צער איז וועכטער דאָרט.

זיי הונגערן דאָרט אויס דאָס קינד,
ביז עס וויינט דורך טאָג און נאַכט;
זיי מוטשען שוואַכע און דעם נאַר,
אויך אַלטע לייט — אַן אַכט!
כ'יז איינער ווערט פון זין געשטערט
נאָר ס'מויל מוז זיין פאַרמאַכט.

אַ יעדער צעל פון דעם געשטעל,
איז שמוציק — אַן אַפּטריט!
און דאָס געשטאַנק — פון דעם געפאַנג —
די גראַטעס אַזש פאַרציט;
און חוץ וואָס שלעכט — אויף פראַך צעברעכט
אַט די מאַשין וואָס היט.

דאָס וואַסער וואָס מיר טרינקען קריכט
איז האַלז, ווי מיאוס'ער שליים;
און דאָס ביטערברויט, געוואויגענעס,
איז פול מיט קרייד און ליים;
דער שלאָף האַלט וואַך, ער שפּאַנט אום ווילד,
און שרייט צו צייט געהיים.

נאר כאטש דער הונגער און דער דורשט
ווי שלאנגען פירן שלאכט;
גיט אונז קיין ריר דער טורמעס פיר;
ווייל וואס דעם טויט אונז מאכט,
איז דער שטיין, געהויבן בייטאג,
וואס ליגט אויפ'ן הארץ ביינאכט.

און אלעמאל מיט נאכט איז הארץ,
און דעמערונג אין צעל;
מיר דרייען די ראד און ציען די שטריק,
א יעדער ביי זיין שטעל;
און דאס שטילקייט איז פיל שרעקלאכער
ווי ביי דעם גיהנום שוועל.

עס קומט ניט צו קיין מענטש צו אונז,
א ווארט צו רעדן צארט;
און דאס אויג וואס וואכט אדורך דער טיר,
איז אנגעשטריינגט און הארט;
און פארגעסן אזוי מיר פוילן ווי שטרוי,
מיט זעל און גוף — פארשפארט.

אזוי א. ראסט די לעבנס-קייט,
דערנידערט און אליין;
ביז איינער שילט און איינער וויינט
און איינער קריצט די ציין;
נאר גאט אין זיין גענאד איז גוט
און ברעכט דאס הארץ פון שטיין.

———

און יעדער מענטשלאַך האַרץ וואָס ברעכט
איז טורמע־הויף, צי צעל,
איז ווי דער קאַסטן וועמעס שאַץ —
פאַרשיינקט אויף גאָט'ס באַפעל —
פילט אַן מיט בשׂמים אַלערליי,
דעם מצורע'ס הויז ביז שוועל.

אַ, גוט איז די וועם ס'ברעכט דאָס האַרץ,
און ס'קומט די רו צוגיין;
ווי אַנדערש קענען מענטשן דען
פון זינד זיך וואַשן ריין?
ווען נאָר דורך אַ צעבראָכן האַרץ,
וויל גאָט זיך לאָזן זען.

און ער, פון דעם געשוואָלן מויל,
און אויגן שטאַר אַן שיין;
וואַרט איצט אויף אים, וואָס האָט געפירט
דעם לומפּ אין הימל אַריין;
צו אַ האַרץ, וואָס איז צעבראָכן, קאָן
שוין גאָט דאָך שלעכט ניט זיין.

---

דער מאַן אין רויט, וואָס טיילט די שטראָף,
האָט אים געגעבן צייט
דריי קורצע וואָכן, אויסצוהיילן
זיין זעל פון זעלן־שטרייט;
און אָפּצוואַשן אויך דאָס בלוט,
פון האַנט, וואָס האָט געטייט.

האָט ער געשוווינקט מיט טרערן פון בלוט
זיין מערדערישע האַנט;
ווייל נאָר מיט בלוט וואַשט אָפּ זיך בלוט,
און טרערן היילן בראַנד;
און דער קין־פלעק ווערט אָפּגעמעקט,
און ווערט גאָט'ס ווייסער באַנד.

.6

אין רעדינגער טורמע, אין רעדינג שטאָט,
איז דאָ אַ גרוב זיך סתם;
און דאָרטן ליגט אַן עלנדער
געהילט אין טוך פון פלאַם
און ווערט פאַרלענדט מיט ציין פון בראַנד,
זיין קבר האָט קיין צאַם.

נאָר ביז די טויטע שטייען אויף —
זאָל ליגן ער אַצינד;
ס'איז איבעריק די דומע טרער,
דער זיפץ פון האַרץ ווי ווינט;
ער האָט געטייט זיין ליבסטע זאַך —
און האָט באַצאָלט די זינד.

דאָך טייטעט יעדער וואָס ער ליבט —
דאַרף יעדן זיין דערקלערט;
טייל טוען דאָס מיט בייזן בליק
און טייל מיט ליוב געמערט;
דער פייגלינג טוט עס מיט אַ קוש,
דער בראַווער מיט אַ שווערד.